# בינטשע די צדיקתטע

## אָדער

## דיא איינגעפאלענע באָר.

דער וואס האט פיעל צייט אונ האט פערגעניגען ליעב
זאל דאס ביכעל האבען בייא זיך אין שטוב
איך האב דאס מיט פיעל מיה געמאכט
יעדערם צו זיין זאך גוט געטראכט
דאס ביכעל איז גוט דיא צייט צו פאר ווייל'ען
דערהויפט בייא דעם לייענען זיך נישט צו איילען
פיליייכט וועט זיך איינער געמען אין זינען
פאר וואס ער האט דא קיין הסכמות נישט געפונען
גלויבט, אז איך האב דאס נישט געמאכט געלט צו פערדינען
נאר עפעס רעכטס האב איך ליעב יעדען צו פערגינען.



בהוצאות בית מסחר הספרים של
י. כנאסטור עט י. ניסענקען
בווארשא ברחוב פראנציסקאנער 39

ווארשא

שנת תרע"א לפ"ק

# דיעזע פארשוינען שפילען די ראלע.

| | |
|---|---|
| בינמשע מיט די ספראַוויץ | דער דאָזאָר מיטן יוננעל |
| מאַלצע די נאבינגקע | ר׳ אלחנן שמש |
| די בליגדע שבע | ר׳ משה גרינעלעס |
| חיי גיטיל חלאסט | ר׳ אברהם שרכן |
| שרה שמאלץ מיט די פאבריק | ר׳ לייזער מאנעלעס |
| באשע אָרעס | ר׳ משה דוד פ... |
| מאלע פעשע | ר׳ משה מרדכי מלמד |
| מאטיל די קנעטערען | ר׳ דוד חלאסט |
| מרים אינדע די טיקערען | ר׳ שלום יאפקע |
| די בעל דברקע | ר׳ ישראל פראָכט |

---

## בינטשע די צדיקתטע.

א גוט מאָרגען בינמשע. איך שלאָג אייך איבער די ווייד מיר זאָלען האָבען נחת און פרייד.

מאַלצע זאָגט צו בינמשען. איך וועל אייך דערצעהלען נייעס בינמשע. וואָס פאר א נייעס, סטייטש איהר האָט דען נישט געהערט.

בינמשע. ניין איך זאָל אזוי קיין שלעכטס נישט האָבען.

מאַלצע. חאַ חאַ חאַ, קליינע קינדער שמועסען שוין דערפון און איהר ווייסט גאָר נישט.

בינמשע, נו לאָמיך שוין וויסען.

מאַלצע. איך וועל אייך זאָגען נאָר עס זאָל זיין בסוד.

בינמשע קוקט נאָר אוועק אין א זייט. איהר זאָלט וויסען אז עס איז געבליבען בהסכם אין דער גאַנצער שטאָדט. אז מען זאָל איינלייגען די באָד.

בינמשע: אוי גאָט איז מיט אייך וואָס רעדט איהר. ווי הייסט מען זאָל איינלייגען די באָד.

מאַלצע. אָט דאָס וואָס איהר הערט.

בינמשע. אוי עס איז מיר נישט גוט, וואָס האָבען זיי זיך אָנ... נעמאַכט גראָד אין דער באָד, לאָזען זיי זיך בעסער אָנכאַפען די גלאָבע ווענר, בנאמנות איך וועל דאָס נישט שווייגען.

DRUK G. PIMENT WARSZAWA, SIERAKOWSKA 4

טאַלצע. סטאַטש איך האָב דאָך איך דאַכט זיך געזאָגט אַז דאָס זאָל זיין בסוד.

בּינטשע. נו גוט גוט טהוט מיר שוין הנאה.

בּינטשע. איהר זאָלט מיר געזונד זיין וואָס זאָגען אויף דעם די דאָזערעס.

טאַלצע. חאַ חאַ חאַ. טאַקי נאָר פון די דאָזערעס קומט עס דאָך אַרויס, בּינטשע. נו אַז עס איז יאָ אַזוי מוז איך עס נישט שווייגען און איך וועל טאַקי געהן צו די דאָזערעס.

בּינטשע לויפט נישט מיט נישט לעבעדיג און קומט אַריין צום דאָזאָר פעריאַחטעט מלא רציחה. גוט מאָרגען ווי איז דער דאָזער, רופט זיך אָן דעם דאָזערס ווייב מיט אַ פרעהליך פּנים. האַ. בּינטשע. גוט מאָרגען גוט יאָהר. צום געזונד זאָלט איהר פרעגען, וואָס דאַרפט איהר עפּיס האָבען מיין מאַן. בּינטשע ענטפערט אויף די נידעריגע שטימע איך דאַרף עפּיס מיט איהם צו רעדען. אין דעם קומט אָן דער דאָזער פון מקוה און טרעפט בּינטשען זיצען אויף די שלאָף-באַנק.

בּינטשע וואָס טהוט איהר עפּיס בּיי מיר אַ פּנים עס מוז שוין זיין נייעס. בּינטשע. אַ פּנים עס איז יאָ אמת וואָס די וועלט זאָגט ווער עס פיהלט זיך דער מיינט זיך. און בּינטשע טהוט זיך אַזוי אַ שטעל אויף מיט כעס איהר האָט זיך שוין נישט געהאַט אין וואָס אָנצוחאַפּען נאָר אין די באָד וואָס ווילט איהר פאַר אומרייניקען אַ שטאָט. נו נו. אדרבה היינט אָן מיט געמיינע לייט. דער דאָזער, הכלל בּינטשע רעדט נישט קיין סך איך עפּען באַלד מיט אייער קאָפּ די טהיר. אַרויס אַלטע מכשפה פון מיין שטוב.

בּינטשע לויפט אַרויס זייער דערשראָקען פאַר גרויס שרעק איז איהר דאָס פאַרטיך אַראָבגעפאַלען און די קאָפּקע האָט זיך איזור גרויפּנערוקט עס האָט נאָר וועניג געפעהלט מען זאָל איהר די האָר פון קאָפּ אַרויסזעהן, און לויפט צוריק צו טאַלצען עפּיס קלערען אַ מיטעל וואָס מען זאָל טהון.

בּינטשע קומט אַריין צו טאַלצען מיט אַ פאַרביטערט האַרץ, גוט נאָיועניד טאַלצע. גוט נאָוועניד גוט יאָהר.

בּינטשעס: וואָס הערט זיך אוי לאָז מיך שוין אָפּ, איך געה דאָך אַצונד טאַקי פון דאָזער. ער האָט מיך נאָך געוואָלט שלאָגען.

טאַלצע. זעהט איהר שוין איך האָב דאָך איך געזאָגט געהט נישט עס איז אומזיסט.

בינמשע, איך בעט אייך מאַלצעשי׳ לעגט מיר נישט קיין שטיינער אויפ׳ן האַרץ איך האָב נאָך צו גאָט עס וועט ווערען א שינוי מיט גאָט צו הילף ווי בינטשע לעגט זיך אַריין מוז קפּ׳ים נולד ווערען. נאָר מען מוז זיין געדולד. איך וועל מיך נאָר זעהען מיט ר׳ אלחנן שמש און מאַקי מיט ר׳ משה גרינעלעס ובדומה ותראה דברי מי יקום מיר וועלען שוין זעהן ביי וועלכעם עס וועט בלייבען שטעהן. און א גוטע נאַכט מאַלצע, און א גוט יאָהר הלואי מיר זאָלען זיך זעהען אין מיין נחת ווי מיר זעהן זיך אצונד.

בינטשע טוהט א פּערדים דעם קאָפּ און זאָגט אמן אמן.

אויף צומאָרגען אין דער פריה געהט בינטשע אין שול אַריין און איז מזכיר דעם דאָזער מיט די באָד און דאַוועגט אָב און געהט אהיים און זי שיקט נאָך ר׳ אלחנן שמש און נאָך ר׳ משה גרינעלעס און נאָך די רעשט חברה היימישע מענטשען און מען זעצט זיך צום טיש און עס ווערט א געפּילדער. איז געבליבען אזוי איינעם זאָל מען אוועקשיקען צום קאַטעווער צדיק און איינעם קיין מאַקעוויץ און מען זאָל טאַקי נישט זשאַלעווען קיין געלד נאָר מען זאָל געבען שפּאַרע פדיונות.

הכלל די צוויי משולחים פאָרען אוועק און האָבען זיך אָבגע־זאָמט אכט טאָג און זענען אהיים געקומען פונקט די וואָך פון פרשת קרח. פרייטאָג ביי טאָג זייגער פיר זענען געגאַנגען די חברה אַקוק טהון אויפ׳ן שול הויף דער שול הויף איז געווען פול מיט בעלי בתים די צוויי לייט פרעגען וואָס איז דאָ אזוי איין געפּילדער איז צוגעגאַנגען ר׳ משה מרדכי מלמד און ר׳ אברהם שרכן און ר׳ שמואל חיים בפה אחד. עולם היינט האָט איהר נאָך צייט צו נעהן אין מרחץ אַריין. נאָך שבת העט מען איינלעגען די באָד.

מיינע ליעבע לעזער קענען פערשטעהן ווי גרויס דער נאַראָד איז געווען אין באָד מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ דער בעדער האָט דעם פרייטאָג אָנגעשיט פולע קעשענעס ווי נאָר א שלעכטען דרייער האָט מען געבראַכט דעם בעדער.

א געוועהנליכע באָד אָן א בעזעם האָט געקאָסט פיער גראָשען מיט א בעזעם זעקס גראָשען א בעזעם מיט א שעפּעל אכט גראָשען.

פאַרנאַכט האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען דער מיטעלער נאַראָד.

היינו ר׳ יהושע גראַביצע... ר׳ שמואל דער בלינדער... ר׳ שלום יאַפּקע... ר׳ נחמן קאָפּקע... ר׳ משה דוד פ... ר׳ ישראל פראָסט... דעם זעלבען די פּאַסטעלע מענטשען.

ליעבע לעזער ווען איך זאל אייך וועלען אלע אויסשרייבען וואלט איהר מיעד געווארען לייענענדיג.

נו לאמיר שוין לאזען שטיין דעם שול הויף מיט די בעלי בתים און צוריק געהן צו בינטשען.

פונקט פרייטאג צונאכטס פרשת קרח האט בינטשע געהאט א ליל טבילה.

אין די קליינע שטעדטליך איז א מנהג די נשים נאך דער טבילה קוקען אריין אין בית המדרש כדי זיי זאלען זעהען הייליגקייט וועט פון איהר ארויסקומען א בן תורה. און וואס פאר א יונגעל זי טרעפט אויפ'ן וועג גיט זי איהם א קניפ...

ווי בינטשע גייט אוועק פון בית המדרש האט זי געטראפען אויפ'ן וועג דעם דאזארס יונגעל האט זי איהם א קניפ געגעבען.

דאס יונגעל איז געבליעבען שטעהן זעהר דערשראקען און איז אהיים געלאפען צום פאטער מיט א געוואלד.

דער פאטער פרעגט איהם וואס ביסט דו אזוי דערשראקען? דער־צעהלט ער איהם אז בינטשע האט איהם א קניפ געטהון.

זאגט אזוי דער פאטער איך מוז אריבערגעהן צו בינטשען און איך וועל איהר פרעגען פאר וואס זי האט דיר א קניפ געטהון.

ווי דער דאזאר איז אריינגעקומען צו בינטשען אין שטוב האט ער זי געטראפען זיצען ביי דעם צימעס הגם דער צימעס איז אפילו געווען פון בריקעס נאר א פארע איז פון איהם געגאנגען אזוי ווי פון די גרעסטע פאראווע מאשין.

בינטשע בלייבט זיצען זעהר דערשראקען און פרעגט דעם דאזאר וואס טהוט איהר עפיס אצונד ביי מיר.

זאגט אזוי דער דאזאר מיט כעס פאר וואס האט איהר געשלא־גען מיין יונגעל.

רופט זיך אן בינטשע גאט איז מיט אייך וואס רעדט איהר. ווי הייסט איך וועל שלאגען אייער יונגעל ווי קום איך צו אייער יונגעל.

זאגט דער דאזאר סטייטש איהר האט אויך איהם געטהון א קניפ דאס יונגעל האט שיער געחלשט.

די בינטשע האט זיך דערמאנט און זי שעמט זיך זעהר פאר דעם דאזאר צו פערענטפערן און לייקענט גאר אב די גאנצע מעשה.

דער דאזאר געהט אוועק מיט גרויס כעס. באלד נאך הבדלה איז דער דאזאר געלאפען צום סענדרע מיט א פערארנט.

מי יודע וויפיעל דאָס געשעפט וואָלט אָבקאָסטען לעת עתה איז עס אזעקגעגאנגען אין די גבערניע אריין. לאָמיר די ספראווע לאָזען שטעהן און מיר וועלען זיך נעמען צוריק צו דער באָד...

ויהי היום איז געוואָרען אין שטעדטעל גרויסע מחלוקת. איין צד האָט געזאָגט אז מען זאָל נישט איינלעגען די באָד. און דער אנדערער צד האָט געזאָגט אז מען זאָל יאָ איינלעגען די באָד. איז געבליבען אז מען זאָל מאַכען איין אסיפה און אלע גרויסע לייט זאָלען זיך אריינלעגען, און טאַקי דער רב אויך. מען האָט אויסגע־זוכט א צייט אין וועלכען טאָג עס זאָל זיין די אסיפה און אויף וועל־כען אָרט. איז געבליבען די אסיפה זאָל זיין אין סאמע מיטוואָך בייַ טאָג זייגער דרייַ, און דאָס אָרט זאָל זיין לעבען די נייַע דרעקציע. אזוי איז געווען, איז געבליבען בייַ די אסיפה אז דער צד זאָל צונויף נעמען חתימות און דער אנדערער צד זאָל צונויפנעמען חתימות און וועלכער צד עס וועט האָבען מייַן חתימות וועט דער אנדערער צד אויך מוזען בעשטעהן. האָט מען ארויסגעשיקט מענטשען פון בייַדע צדדים נאָך חתימות. איין קאָמפּאַניע איז געגאַנגען אויף די יאַטקע גאַס. און די אנדערע אויף די פּאָצטאָווע גאַס אזוי האָבען זיי זיך אָבגעשמועסט.

נאָר ר' היללס נאַס מיט'ן שול הויף איז געבליבען דער וואָס וועט זיין שטאַרקער דער וועט האָבען די חתימות.

מיינע ליעבע לע'ער איך מוז אייך קלאָר מאַכען אין די צוויי גאַסען דאָרט וואהנען אלע סופרים און אלע שמשים אלע מלמדים אלע שוחטים אפילו אז מען דאַרף האָבען א ביסעל פּראָכנע אויף א ברית מילה בעקומט מען אויך אויף די גאַסען. אין דער שטאָדט־בוך. אין דער בוך פון די חברה קלעפּקע. און פון אנדערע חברות. דער שליסעל פון בית חקברות און דער מאגאזין פון די באָד בעזעסלעך. אפילו דער מיינסטער וואָס ער ארבייט תכריכים זיצט אויך אויף יענע גאַסען קענט איהר זיך שוין פאָרשטעלען וויפיעל חתימות מען קען פון דאָרט אַרויסשלעפּען...

ויהי היום די צוויי קאָמפּאַניעס האָבען זיך געטראָפען אויף די שול גאַס און זענען אלע אריין צו איין בעל חבית ער וואר מיט זיין כשרן נאָמען ר' יודעל גראַמש איך וועל אייך פאָרשטעלען דעם מענטש. א גראָבע נאָז איין אומריינעם קאָפּ א בלינד אויג א אויסגע־דרעהט מויל א גאַרב אויף די פּלייצע, קרום אויף בייַדע פיס. נייַן ספחים די הייך בקצור א בעל־הבית מיט אלע מעלות.

ב״ה הבלל די צוויי קאמפאניעס האבען זיך אנגעהויבען צו קריגען און דער ר׳ יודיל גראטש איז געבליבען זיצען שטיל ווי א געגעסענער ער האט אליין נישט געוואוסט ווי זיך אונטער צושרייבען. און שטוב איז געווארען א גרויס געפילדער א געשריי א געוואלד ביז מען האט זיך אנגעהויבען צו שלאגען.

אין דעם איז ארייגעלאפען איינער פון די פילאזאפען זיין נאמען איז ר׳ דוד חלאסט האט ער איין עצה געגעבען אז מען זאל נעמען א פאטשיילע און מען זאל טאקי גאר פשוט מאכען א קניפ וועלכע קאמפאניע וועלען ארויסנעמען דעם קניפ דא טוז זיך דער ר׳ יודיל גראטש אונטערשרייבען. אלע האבען מסכים געווען דערצו ווארום זיי האבען דאך געזעהן אז דאס איז איין שטארקער איינפאל.

בקצור די קאמפאניע וואס זיי נעמען צוטיף חתימות אז מען זאל יא איינלעגען די באר. האבען צו מזל געווינען איז דארט געווארען צווישען זיי א גרויסע שמחה. דער ר׳ יודעל גראטש האט זיך צו מזל אונטערגעשריבען.

און די אנדערע קאמפאניע זענען ארויסגעגאנגען זייער פארשעמט אבל ותפוי ראש.

ליבע לעזער איהר קענט זעלבסט פארשטעהן זייער עגמת־נפש.

עס איז געקומען דאנערשטיג ביי נאכט איז מען שוין געווען פארטיג מיט די גאנצע שטאדט חתימות. די צוויי קאמפאנעס זענען אריינגעגאנגען פלאוו צום רב מיט די חתימות דער רב האט זיך מכין געווען און האט אנגעהויבען איבערציילען די חתימות איז געבליבען אז מען זאל די באר איינלייגען ווארום דאס צד האט געהאט מיין מיט דרייצעהן חתימות פון יענעם צד איז געבליבען אז מארגען אין דער פריה זאל זיך גאנץ קהל צונויפקומען און מען זאל איינלייגען די באר.

א גאנצע נאכט איז געווען חושך אין שטעדטעל. גאט האט געהאלפען עס איז געווארען טאג. זענען ארויבגעגאנגען די טובי־עיר די גרעסטע לייט פון די שטאדט מיט כלי מלחמה איינער מיט א רידעל איינער מיט א דראנג איינער מיט א שטיין. ווי זיי האבען געוואלט איינלייגען די באר איז געווארען א גרויס געוואלד פון יענעם צד מען האט זיך אנגעהויבען גאר אויפ׳ס ניי צו שלאגען דעם רעכטען קאפ ר׳ אלחנן שמש האט מען נעביך געטהון א ווארף צו דער באר האט מען מיט איהם אליין א גאנצע וואנד איינגעלייגט אזוי האט איינער דעם אנדערען ארויפגעווארפען אויף די באר ביז גאט

האָט געהאָלפען די באָר איז אַליין צופאלען געוואָרען אויף שטיקלעך
מען האָט גאָר נישט געדאַרפט האָבען קיין כלים זי איז שוין נעבעך
געוועזען פון צעהן יאָהר פערפוילט .

אַצונד ליעבע לעזער לאָמיר די באָד לאָזען ליעגען און מיר
וועלען דערצעהלען פון בינטשעס ספראַווע . . .

אין אַ קליינער צייט אַרום איז אָנגעקומען וויזקוואַנעס פון סאָנד
בינטשע האָט געקריגען אַ וויזעוואַנע אין דער דאָזאָר און צוויי עדות
ר׳ נחמן קליצקע און ר׳ שמואל סטראָנקע די גאַנצע חברה זענען גע-
קומען אין די גובערניע אַריין . ווי בינטשע קומט אַריין צו דער
ספראַווע דערזעהט זי די צוויי עדות ר׳ נחמן קליצקע און ר׳ שמואל
סטראָנקע פרעגט זי זיי וואָס טהוט איהר עפּיס דאָ ענטפערען זיי
סמייטש איהר ווייסט גאָר נישט מיר זענען דאָך עדות אַז איהר
האָט דעם דאָזאָרס יונגעל אַ קניפּ געטהון . די בינטשע ווערט זייער
דערשראָקען און זי האָט טאַקע פאַר יסורים געטהון אַ גרויסען שמעק
טאַבעק . און זי האָט אַ נאָס געטהון . ווי הייסט איהר האָט דען געזעהן .
זי ווייסט נעבעך דעם אמת אַז יענע נאַכט ווען זי איז טבילה
געגאַנגען איז ביי איהר קיינער נישט געוועזען .
נאָר זאָגט זי צו זיך אַליין ערשט זעה איך אַז עס איז אמת וואָס
חיי הנביא האָט געזאָגט אין די הגדה אזנים לכותל יש . דאָס הייסט
גאַסען האָבען אויגען און ווענד האָבען אויהרען . . .

דער דאָזאָר שטעלט זיך אַנידער פאַר׳ן סענדזע און הייבט
אָן דערצעהלען די גאַנצע מעשה .

פראָשע פאַני סענדזע מאָי חלאָפּיק יידזע , טען קאָבימע ביע .
רופט דער סענדזע צו איין עדות און ער פרעגט איהם אויס
זאָגט ער אויך אַזוי יאַק טען פּאַן דאָזאָר פּאָקאַזוע טאַק מאַטשע .
דער אַנדערער עדות זאָגט נאָך וואָס בענדזע טאַק יאַק באָל.
אַצונד רופט מען צו בינטשען הייבט בינטשע אָן צו זאָגען
פראָשע פאַני סענדזע יאַ יעסט פּירשע דאָ באָגע פּאָטעם דאָ טשעביע
יאַ יידזע איז מקוה דראָגאָמע טען חלאָפּעק יידזע איז בית המדרש
דאָראָמע . אָן יידזע אַ יידזע יאַק טען סטאָיע מישלע זע טאָ מאָיע אָן
קסיאָנדש יאַ טילקאָ זאַ רענקע אָן קסיאָנדש געוואַלד פראָשע פאַני יאַ נע
יעזודעס מאַקי . נאָ חלאָפּעק זראָביע מכה .

הכלל . פראָשע פאַני טען עדות יעסט שקר . יאַ פּשינעשיע מאָיע. . .
איז מן הסתם די ספראַווע אָבגעפאַלען . און דער דאָזאָר מאַכט
אַבאַפּילאַציע . . .

ווי בינטשע קומט צוריק פון די גובערניע האָט זי זיך געטראָפען מיט איהר קאָמפּאַניע. ליעבע לעזער איך מוז אייך פאָרשטעלען די גאַנצע קאָמפּאַניע.

די בלינדע שבע, חיי גיטיל חלאסט, די לאָמע מילנאַרקע. שרה שמאַלץ, באַשע אָדעם.

וברוסה, די גאַנצע קאָמפּאַניע מיט אַ הויכע שטימע, סקאָציל קומט בינטשע וואָס האָט איהר געמאַכט מיט אייער כפּראַווע.

זאָגט בינטשע אַזוי פערזאָרגט אוי וואָס האָב איך געקענט מאַכען דער דאָזער האָט געמאַכט אַנ'אָפּילאַציע.

די בלינדע שבע ווערט זעהר דערשראָקען און זאָגט ווי הייסט ער האָט געמאַכט אַ נייע פּאָליציע נאָט איז מיט אייך וואָס רעדט איהר ער וועט פערפוילט ווערען אין קייטען. בינטשע טהוט קלאָפּ־ פאָרשט אַ שמייכעל צו דער בלינדער שבע און זאָגט אַזוי, שבעשי האָט מיר נישט פאַראיבעל איהר זענט פון די אַלטע וועלט איך בעט איבער אייער כבוד איהר ווייסט נאָך נישט ווי אַזוי הייגט געהט צו ביי די סענרזעס. און בינטשע דערצעהלט נאָך אַ מאָל פאַר די קאָמפּאַניע די טענות וואָס זי האָט בעלעגט ביי דעם סענרזע כלם בפה אחד. די גאַנצע קאָמפּאַניע ענטפערען בינטשע אַז יאָהר זאָלען מיר האָבען ווי גוט איהר האָט זיך אויסגעשמועסט ווי הייסט רופט זיך אַן חיי גיטיל חלאַסט איך בין יענע וואָך ביי דעם אַלטען צדיק געווען האָט מען דאָך מיר גאָרנישט געלאָזט רעדען.

בינטשע זאָגט קינדערליך אַצונד איז נישט דאָ קיין צייט צו שמועסען וועלט זאָלען לאָזען מיר בעסער זעהן צו טראַכטען אַ פאָר־ טעל ווי אַזוי איך זאָל ניצול ווערען פון די אָפּילאַציע.

באַשע אָרעם טהוט אַ גרויסען זיפץ.

שרה שמאַלץ טהוט זי אַרוף אַוועק אין דער זייט און פרעגט זי באַשע אָרעם וואָס זיפצט איהר אַזוי.

זאָגט באַשע אָרעם נו נו לאָז מיך שוין צורוה וואָס איך זיפץ עפּים אַקליינינקייט זי דאַרף נאָך אַ מאָל שטעהן אין מאַנד און אַליין טענה'ן איהר ווייסט דאָך דאַכט זיך מיר נישט אַז דוד המלך ע"ה האָט געזאָגט אין די קינות החיים והלשון ביד המות. גוט זי האָט זיך דאָס ערשטע מאָל גוט אויסגעטענה'ט. נישט אַלע מאָל געשעהט נסים.

מיינע ליעבע לעזער קענען פערשטעהן ווי גרויס דאָס צער איז געווען ביי בינטשען און ביי איהר קאָמפּאַניע.

בינטשע זאָגט אַ גוטען טאָג אייך איך מוז געהן אַהיים שלאָ־

פען דען איך בין א גאנצע נאכט נישט געשלאפען . פאר נאכט נאך מנחה זאלט איהר אלע קומען צו מיר אהיים און איך וועל שיקען נאך אלע מיינע גוטע פריינד וועלען מיר שוין אלע אינאיינעם איבער־שמועסען דאס געשעפט .

בינטשע געהט אהיים און די קאמפאניע צוגעהען זיך יעדער צו זיין געשעפט .

די בלינדע שבע געהט מאכען וויזיטין ביי די קראנקע . מיט א טייל זאגט זי ודוי . און מעסט פעלד . דאס איז שטענדיג איהר פראפעסיע .

חיי ניטיל חלאסט לויפט ארוים אויפ'ן דארף און קויפט אויף פערשידענע סחורות קארטאפלע שאלעכטס . א דריליכין פארטעך און קלויבט אן איבערן וועג אביסעל ראסראדניק וואס גאט באשערט .

די לאמע מילנארקע זי איז שוין אפילו מוידט פון דריי יאהר . נאר דאס געשעפט פיהרט זיך נאך .

אויף די פראנטאווע גאס שטעהט א מענטש פון איהר האנד מיט פערשידענע פרוכטען , מאקעווקעס , פאשלארקעס , באנעקערין , יענגאלקעס . פעדפוילטע עפעלעך , און טאקי א ביסעל צעלניק אויך דהיינו רויבארבע צענעס . לאקרעץ פלעציל .

שרה שמאלץ פיהרט א פאבריק זי ארבעט זאכען פארעכט אלטע פלידערען און דערנעבען א שטיקעל מסחר אז דער נייער חטשאוו קומט ארוים קלויבט זי אלע טאג אן א פול פארטוך הטשאוו און דאס ווערט פערקויפט מיט ריוח .

באשע אדעס האט פיל קענטעניס אין זיך זי טויג שוין צו אריפקיכען א קינד א באבעל אויסצושמידען און טאקי אז עס מאכט זיך א פארך אבצורייסען זי איז ב"ה א שטארקע מומחהטע .

גאט האט געהאלפען עס איז צו מול נאכט געווארען די קאמ־פאניע זענען צוריק געקומען פון דער ארבייט און זענען געגאנגען גלייך צו בינטשען מען האט זיך אנידערגעזעצט שמיאלע ביי דעם טיש . בינטשע איז געזעסען אויבען אן . ארום איהר איז געזעסען די סוויטע און מען האט אנגעהויבען קלערען וואס צו טהון . מען האט געשיקט נאך די רעשט קאמפאניע מאנסלייט און ווייבער , בינטשעס גוטע פריינד , מען איז אבגעזעסען ביז זייגער צוועלף ביי נאכט . די לייט האבען געזעהן אז עס וועט צו קיין ענדע נישט קומען . האט זיך געטהון א ריף אן מרים אינדע די טוקערין אויף דעם גראבען קול רבותים איך בעט איבער ענקער עבוד מיין עצה וואלט געווען

אַזוֹי ווי· מיר זיצען דאָ אַלע וואָלען מיר גייען אין שול אַריין און מען זאָל מתפלל זיין יעדערע אשה מיט איהר תפילה און יעדערער פאַנכטפערזאָן מיט זיין תפלה און מען זאָל טאַקי וויינען און קלאָגען אפשר וועט עפּיס נאָט רחמנות האָבען אויף בּינטשעס אַלטע יאָהר.

איז געוואָרען אַ גידערדערי צווישען גאַנצען נאַראָד און אַלע האָבען מסכּים געווען אַז מרים אינדעס די טיקערין איז גערעכט עפּיס אַ גוטער מלאך האָט איהר די עצה געשיקט אין זינען אַריין...

האָ גברא והא טראַסקאָ.

דאָ רעדט מען און דאָ טהוט מען, מען שיקט עקסטרע אַ שליח מיזחר נאָב'ן שליסעל פון חבוט הקבר, דער שליסעל ליעגט בּיי די אשה הצנועה מאַלע פּעשע און דער שליח איז געווען קרום אויף בּיידע פיס אַ ביסעל טויב בלינד אויף בּיידע אויגען. זיין נאָמען איז ר' ליב טראַסק.

ליעבּע לעזער איהר דאַרפט זעלבּסט פערשטעהן אַז מען שיקט אַזאַ געשיקטען שליח געדויערט נישט לאַנג דער וועג עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבּען בלאָען אויף טאָג דער שליח איז שוין צו מזל דאָ צוריק מיט'ן שליסעל עס איז געוואָרען אַ גרויס געפּילדער ברוך הבּא ר' לייב טראַסק דער גאַנצער נאַראָד טהוט זיך אַ שיט אויס מיט אַ מאָל אין מען געהט פלאַוו אין שול אַריין. בּינטשע גייט פריר און די גאַנצע חברה נאָך איהר מען קומט פאַר די שיל געהט צו בּינטשע פאַר די טהיר און קלאַפּט אָן דריי מאָל מיט דעם שליסעל אַזוי ווי זי האָט געטהון דעם דריטען קלאַפּ האָט זיך דער צאָהן פון דעם שליסעל אָבגעבּראָכען איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה אַלע האָבען געזאָגט מען זעהט בּעשיינפּערלעך אַרויס אַז מען לאָזט נישט פון הימעל מן הסתם איז עפּיס דאָ אַ חטא אין שטאָדט מען וועט מוזען גוזר תענית זיין און טאַקי אויסרופען מיט די דריי אותיות ווער עס פיהלט זיך עפּיס אָדער ער ווייסט עפּיס פון אַ חטא איז מען אויף איהם גוזר בּגזירות אַז ער זאָל קומען זאָגען צו בּינטשען און טאַקי נאָך היינט זאָל עס זיין מען האָט טאַקי בּאַלד אַרויסגעשיקט ר' אלהנן שמש מיט דעם גראָבּען שטעקען און ער האָט שוין גערופען אין שול אַריין. דער פּראָסטער עולם האָט אפילו געמיינט אַז מען רופט אין שול אַריין וועגען פּראַקטיקעס צאָלען דערווייל איז זיך דאָס גאַנצע שטעדטעל צענויף געקומען אין שול אַריין און מען האָט איבערגעשטועסט דאָס גאַנצע געשעפט פון אָנהויב בּיז אין סוף און מען האָט טאַקי גאָר פּשוט נוזר תענית געווען און מען האָט געטהון

א זאג ארוים מאכי די דריי אותיות בזה הלשון אפשר וויסט איינער פון אנדערען עפיס א חטא. אדער אפשר פיהלט זיך איינער ביי זיך עפיס א חטא. איז מען גוזר בגזירה אז ער מוז ארויסזאגען.
אזוי ווי דער שמש האט אויסגערופען. האט געטהון א קריך אפיר פון אונטער דעם טיש ר׳ אהרן שמערקעס מיט א הייזעריגע שטימע רבותים איך וואלט אפילו נישט געזאגט נאר ווייל מען האט גוזר געוועזען בין איך געניים צו זאגען דעם אמת אצונד טהוט מיר שוין באנג פאר וואס איך האב ביז אהער נישט אויסגעזאגט אידר זאלט וויסען אז פאר צוויי וואכען בין איך געוועזען אין מאק אויפ׳ן ארט. האב איך פליין געזעהן באשר ארון ריקערס זוהן איז געגאנגען מיטוואך בייטאג אין אויסגעפוצטע שטיוועל און איך מיין אז דאס איז נישט דאס ערשטע מאל.
דער גאנצער עולם איז געבליבען שטיין אהן לשון וועהר דער־שראקען אם אזוי האט געדויערט א פאר מינוט איז געווארען א געשריי כלם בפה אחד בזה הלשון עס זאל אויסגעהן צו זיין קאפ. און צו זיין הענד און צו זיין לייב און לעבען. קיין אומשילדיגעס זאל דא גאר נישט געניסען.
און דאס קהל איז צוגעגאנגען צו ר׳ אהרן שמערקעס און מען האט איהם געזאגט מותר לך. מותר לך. מותר לך. און ר׳ אהרן שמערקעס האט געפאנדערוועט פאר׳ן עולם א האלב קוואטירעל אקוויט.
דער עולם איז אהיים געגאנגען. און ר׳ אלתרן שמש איז גע־לאפען גיך מיט׳ן שליסעל צו ר׳ ישעיה קאוואל ר׳ ישעיה האט צו מזל צונעגימעוועט א צאן צום שליסעל און מען האט דעם שליסעל אהיים געפיהרט בינמשין מיט גרוים פאראד. מען האט בעלד גע־שיקט א ידיעה צו דער גאנצער קאמפאניע אז דער שליסעל איז שוין צו מזל פאררעכט.
לעת ערב צווישען מנחה און מעריב איז זיך דער עולם מאכי בינטשעס קאמפאניע היימיש׳ן מעטשען צונויף־געקומען איז געבליבען אז זיינער צוועלף זאל מען געהן אין שול אריין און מען זאל מתפלל זיין אזוי ווי עס דארף צו זיין.
זייגער צוועלף ביי נאכט זענען די גאנצע קאמפאניע געגאנגען מיט בינמשין צו דער שול מען האט מאכי פשוט געטהון דריי קלעפ און מען האט אין א מזלדיגע שעה געעפינט די שול און אלע זענען אלאו אריינגעגאנגען. און בינמשע האט זיך געוואשען די הענד און האט געטהון א קוש די מזוזה. און זי איז צוגעגאנגען צו דעם ארון

קרש און האט אנגעהויבען מתפלל זיין.

ליעבע לעזער איך מוז אייך בעקאנט מאכען ווי אזוי בתמשע האט מתפלל געווען אין שול זיינער צוועלף ביי נאכט וואס דאמאלט איז א עת רצון אלע ווארטאוניקעס שטעהען אויפ'ן גאס עס איז שטיל אין שטערטעל מען הערט נישט מיין נאר די אלטע בעלי בתים הראי פען פון די בעטען ארויס.

בינמשע נעהט צו מיט א פערביטערט הארץ און די קאמפאניע ארום איהר.

בינמשע מהוט א לאז ארויס א יאמערליכען קול מיט דעם נוסח פון מעבר יבק...

ראבי יונה של עולם!

אני אמתך איך בינמשע דיין דיענסט.

בעט ביי דיר אז מיין תפלה זאל נישט זיין אומזינסט.

געדענקסטו זיסער גאט ווען מיין מאן האט מיר געוואלט געבען גט.

האבען מיר זיך בריידע אויך אביסעל איבערגערעדט.

איך האב מיך געוואלט אננעמען פאר די שטאדט.

אז מען זאל נישט איינלעגען די באד.

איז מיר פערשמעלט געווארען אלע וועגען.

אין סאקי ר׳ אלחנן שמש האט נאך אליין געהאלפען מיט'ן קאפ די באד איינלעגען.

יענע וואך האט זיך מיין מאן פערגלוסט.

בין איך מבילה געגאנגען איז מיר געשעהן איין אומגליק נאר אומזיסט.

ר׳ יונה של עולם די ווייסט דאך גיט אז איך בין מיר נישט געגאנגען נאכגעבען די תאוה.

העלף מיר אצונד ארויס פון מיין נוים אז איך זאל געווינען די ספראווע.

אלע גוטע זכותין זאלען אצונד פאר מיר לויפען און בעטען.

אז איך בינמשע זאל חלילה נישט פערפוילט ווערען אין קיטען.

ראבי יונה של עולם פארנעם מיין געבעט.

אז איך זאל נאך עפיס קענען טהאן אויף דער וועלט מהון אזוי ווי ביי מיר שטעהט.

אין דער תחנה פון שערי ציון.

זיי מיך מוכה אין זכות פון דער בלינדער שבע.

און זיי מיך מוכה אין זכות פון לוט הצדיק וואס ער האט ארויסגע־שריגען צדקה מטני פון דער תיבה.

זיי מיך מוכה אין זכות פון לאה מרדכים די בלינדע.

איך זאָל פועלן אַלדעס גוטס אין זכות פון די טיקערין טרים אַנדרע.
בעוויזן מיר דיינע וואונדער.
אז איך זאָל נישט קריגען געשלאָגען פון מיינע קינדער.
עניני בזכות טיטוס, בזכות קרח. בזכות בלשאצר. בזכות המן,
בזכות בלק בן צפור, בזכות נבוזראדן. בזכות תרח.
בזכות בלעם. בזכות נמרד. בזכות ירבעם בן נבט עניני:

ווי בינטשע האָט געקאָנטשעט די תפלה האָט זי זיך געטהון א נייג פאַר׳ן פרוכת און זי האָט געפּאָנט א גוטען טאָג. אין א קליינע צייט אַרום וועלען מיר זיך ווייטער זעהען אין גרוים נחת.

אין די גאַנצע קאָמפּאַניע זענען געשטאַנען אַרום איהר און האָבען אויסגעהערט די תפלות און האָבען נאָך־געזאָגט אָמן אזוי ווי תמיד.

בינטשע האָט זיך אויסגעווישט די אויגען און זי האָט געטהון א געשריי אויף די גראָבע שטימע זאָל מסכים אז בינטשע בת יאָחפעס זאָל האָבען געפועלט אַלדעס גוטס.

זיי האָבען טאַקי אזוי געטהון יעדערער איז צוגעגאַנגען און האָט אָן געווינטשען אז זי זאָל האָבען געפועלט אַלדעס גוטס.

און בינטשע האָט אָנגעצונדען א לעכט אויף ר׳ מאיר בעל הנס אין די קאָמפּאַניע זענען זיך בּיסלעך צוגאַנגען.

בינטשע האָט אַליין פערשלאָסען די שול אין ר׳ לייב טראַסק האָט אוועק געטראָגען דעם שליסעל צו מאַלע פאַשע, אין מאַלע פּיִשע האָט אויך מסכים געווען אז בינטשע זאָל האָבען געפועלט אַלדעס גוטס.

דער עולם איז זיך צוגאַנגען יעדערער צו זיין געשעפט.

ר׳ לייב טראַסק איז אויך געגאַנגען אָנקלייבען א ביסעל פערפוילט האָלץ אויף פראָבנע צו מאַכען, וואָרום דאָס האָט ר׳ לייב טראַסק אָבגעדינגען פון די שטאָדט קיין אַנדערער טאָר דאָס נישט מאַכען נאָר דער ר׳ לייב טראַסק. הגם עס איז געווען איבער דעם פּיעל מחלוקת אין שטעדטעל, נאָר ר׳ לייב טראַסק האָט פאָרט געווינען די דין תורה וויל זיין פאָטער האָט זיך אויך געטראָגען אין דעם געשעפט. איז געבליבען מעשה אבות יורשים בנים און א מנהג ברעכט א דין ר׳ לייב טראַסק בלייבט ביי דעם געשעפט.

יעצט ליבע לעזער וועלען מיר בינטשין לאָזען א ביסעל זיצען אין דער היים. און פון די נבערניע דארף שוין באלד אָנקומען פרישע וויזעוואַנעס.

אויפ׳ן דריטען טאָג איז געוואָרען א גערויש און א געפּילדער אין שטעדטעל, וואָס. ר׳ פסח פאָטשטער האָט שוין געבראַכט וויזעוואַ־

נעם פון די טבערניע. ר' פסח געהט גלייך אריין צו בינטשין. און מהוט א געשריי גוט מארגען בינטשע ענטפערט בינטשע א גוט יאהר אויף אייך ר' פסח.

דער ר' פסח האט פונקט אין יענעם טאג געמאכט א ברית. און בינטשע געהט אויף אלע ארעמע ברית'ן האט זי געמיינט אז ר' פסח איז איהר געקומען בעטען אויפ'ן ברית. פרעגט זי איהם אזוי נו ווען וועט מען שוין יודעשין דאס קינד. רופט זיך אן פסח ווי א צומישטער. וואס פאר א יודעשין א קינד, וואס רעדט איהר בינטשע נאט אייך בעסער א וויזעוואנע פון די אפעראציע.

בינטשע בלייבט זיצען זייער דערשראקען זי שטארבט אב גלייך ווייס און זי זאגט אזוי אזוי א בראך איז צו מיינע אלטע יאהרען, שוין ווייטער א זיברעוואנע.

פסח ווערט אין כעס און זאגט בינטשע דאס הייסט נישט קיין זיברעוואנע נאר א וויזעוואנע רופט זיך אן בינטשע נו נו לאז שוין זיין א וויזעוואנע עס מעג שוין זיין וואס עס וויל, עס איז מיר שוין אלעס איינס.

ר' פסח געהט אוועק גלייך צום דאזאר, און צו די ערשטע צוויי עדות, ר' נחמן קליצקע, און ר' שמואל סטראנקע. און גיט זיי אב די וויזעוואנעס, און ר' פסח געהט אהיים יודעשין דאס קינד.

די בינטשען לאזט עס שוין נישט רוהען. זי קען שוין אין מטוב נישט איינזיצען זי לויפט גלייך צו איהרע גוטע פריינד מאכי צו די ערשטע חברה.

ר' אלחנן שמש. ר' משה גריתעלעס. ר' אברהם שדכן. ר' לייזער מאנעלעס. ר' יהושע גראניצע. ר' שמואל דער בלינדער. ר' שלום קאפקע. ר' משה דוד פ.. ר' ישראל פראסט. ר' יורעל גראטש. א חוץ נשים. די בלינדע שבע, באשע ארעס, די לאסע מילנארקע. שרה שמאלץ, חיי ניסיל חלאסט, מאלע פעשע. מרים הונדע די סיקערין, עסע די קנעטערין. די טשעבאכע. די בעל דברקע.

די גאנצע חברה זענען זיך צונויף געקומען צו בינטשען. אנ-פאנגס האט מען געשמועסט א ביסעל פאלעטיק פון ווארשא ווי אזוי די קאלע געהט אין מיטען נאס. און אויף אלע נאסען וואקסט שטיקער אייזען און מענטשען האלטען דעכער אין די הענד.

אין באשע ארעס האט אויך דערצעהלט א ביסעל נייעס. באשר זי האט אלמן געזעהן אין ווארשא אויף די ואלאוועק גאס

דורכלויפען אין איין מינוט אפשר הונדערט קאסעס מיט געלד, עפיס אזיינע שווארצע פעסער לאנגע.

אין דעם סהוט זיך ביַנטשע אריף און לאז שוין זיין געוויגעשטועסט פּאלעטיק. לאמיר בעסער שמועסען וועגען מיין געשעפט. וזמרי בן סלי האט געזאגט אין פרק אין מערבין שמחה בשמחה דער מיַמש איז איידער מען קאנטשעט דאס ערשטע געשעפט. מאר מען זיך נישט נעמען צו איין אנדער געשעפט. אזוי ווי ביַנטשע אט דאס אב געזאגט. האט חיי ניטיל חלאסט געטהון א שטארקען נאס. האט ביַנטשע געזאגט חיי ניטיל ציַ זיך ביַ די אויערן. און די גאנצע קאמפאניע האבען געזאגט צום געזינד זאל איך זיין:

אין דעם האט ערעס געטהון א געשריַ קינדערליך מיין עצה וואלט געווען אז מיר זאלען אין איינעם ביַ נאכט זיינער צוועלף גהן אויפ׳ן הייליגען ארט און מען זאל רייסען קברים. און מען זאל אויסזאגען דעם גאנצען מענה לשון. און די בלינדע שבע זאל מעסטען פעלד. און איידער ביַנטשע וועט נעהן אין די נובערניע אריין זאל מען אנציַנדען לעכט אין טלע שולען די ליכט זאלען ברענען ביז נאך די ספראווע.

די גאנצע קאמפאניע האבען מסכים געווען בזה חלשון אזוי א יאהר זאלען מיר האבען ווי באשע ערעס איז געזעכט.

נאר הייַנט ביַ נאכט איז שוין צו שפעט נאט זאל שענקען דאס געזונד. מארגען וועלען מיר שוין געהן.

נאס האט געהאלפען עס איז געקומען אין דער פריה איז ביַנטשע ארויסגעגאנגען אויפ׳ן שמעדטיל אויסזוכען א פאר ערות. ווי זי געהט אזוי האט זי דערזעהן ר׳ לייזער סאנטערעם ער איז א יוד א בן תורה. א גאנז אזוי ווי אין אתרוג. איינגעפאלענע באקען. איין אויסגעקראכען בערדיל. אלס סאדריש געקלייד. א יוד מיט אלע מעלות. ב״ה א נומען טרונק בראנפען האט ער אויך נישט פיינד. ער טרינקט נישט אנדערש נאר מיט א ביר־גלאז. און פערביַסט א קאווע גלאז:

ווי ביַנטשע האט איהם דערזעהן ווענט זי אזוי צו איהם ר׳ לייזער ואטשע מוחל קוסט נאר אהער.

וואס ביַנטשעשי, פרעגט אזוי ר׳ לייזער. דער ר׳ לייזער האט נעמענט אז זי רופט איהם אויף א שבע ברכות, נעמט ר׳ לייזער ארויס די פישקע און איז ביַנטשען מכבד מיט א שמעק טאביק, די ביַנטשע האט זיך זעהר שטארק צונאסען. און זי האט ר׳ לייזערין פערשפריצט

דאָס גאַנצע פּנים. פרעגט אַזוי ר׳ לייזער מאַנעלעס בינטשין. ביי וועמען איז עס היינט שבע ברכות.

בינטשע, ר׳ לייזער נאָט איז סיט איך. וואָס פאַר אַ שבע ברכות. איך דאַרף פּשוט האָבען עדות. פרעגט אַזוי ר׳ לייזער ביי וועמען איז עס היינט אַ גט.

בינטשע. וואָס רעדט איהר ר׳ לייזער וואָס פאַר אַ גט. עפּיס פאַכט איהר זיך קינדערווארטע. איך דאַרף נאָר פּשוט האָבען עדות.

ר׳ לייזער. נו זאָגט מיר שוין וואָס פאַר עדות דאַרפט איהר האָבען. אפשר אויף אַ חליצה. אפשר קען איך אויך זיין אַ עדות, זאָגט אַזוי בינטשע טאַקי דאָס וויל איך אַז איהר זאָלט זיין מיין עדות.

ר׳ לייזער. נו מעגט איהר דאָך שוין אודאי היינט נעבען אַ טרונק בראָנפען.

בינטשע. מילא עס איז דאָך נאָר אַ טרונק בראָנפען. ר׳ לייזער טהוט אַ גרויסען טרונק בראָנפען און ער טרינקט צו בינטשען לחיים, און ער זאָגט איהר צו אַז ער וועט זיין איהר עדות. וואָס עדות און ווען עדות. נישט ער פרעגט זי. נישט זי דערצעהלט איהם. און אַ גוטען טאָג בינטשע איהר זאָלט שוין למעה״ש קיין אנדערען עדות נישט נעמען.

בינטשע געהט אוועק זיך שאַפען נאָך איין עדות. טרעפט זי אַזוי אויף׳ן גאַס ר׳ יוסעלע פאָזנער. דער ר׳ יוסעלע איז אַ ביסעל פאַני-פעוואַטע אַ הויכע פּלייצע. ער שיקעלט אַ ביסעל מיט די אויגען. אַ קאָלטענעוואַטע באָרד.

בינטשע פערלייגט דעם גראָבען פינגער אויף די באַק און זי זאָגט אויף די נידעריגע שטימע. גוט מאָרגען ר׳ יוסעלע, גוט יאָהר בינטשע וואָס טהוט איהר עפּיס אויפ׳ן גאָס פרעגט אַזוי ר׳ יוסעלע עס איז דאָך גאָר נישט טייער שטיינער אַרום צודרייען זיך אויפ׳ן גאָס. בינטשע בלייבט אַ ביסעל שטעהן, און זאָגט ר׳ יוסעלע איך וועל אייך זאָגען דעם רעכטען אמת. איך דאַרף האָבען איין עדות. פרעגט אַזוי ר׳ יוסעלע וואָס פאַר איין עדות. זאָגט בינטשע עס מעג זיין וועד עס איז.

דער ר׳ יוסעלע שטאָפּט אָן אַ לולקע טוטין און פערדרייכערט די לולקע און ער הויבט אָן צו לאָזען אַ גידעכטען רויך. בינטשע איז שיער דערשטיקט געוואָרען שטעהענדיג לעבען איהם. און אַ גוטען טאָג ר׳ יוסעלע איהר זאָלט וויסען אַז איך פערלאָז מיך שוין אויף אייך.

דער ר' יוסעל נעהט אהיים צו דעם ווייב און הייסט זיך מאכען א גוטען אנבייסען. און ער דערצעהלט דעם ווייב אז ער ווערט זיין אין עדות. דאס ווייב פרעגט איהם וואס פאר איין עדות ווערסטו זיין. דער ר' יוסעל ווערט זייער בייז. און זאגט אזוי צום ווייב וואס איז דאס דיין געשעפט אז איך וויים נישט ווילסטו וויסען. און ער האט זיך מאקי נאר פשוט נעבייזערט ער האט איהר געזאגט א פאר מאל קליפה. מכשפה. שטיק צרה. ביז דאס ווייב איז אויך געווארען גוט אין כעס. עס האט שוין קנאפ וואס געפעהלט אז די לייט זאלען זיך שלאגען. נאט האט געהאלפען דער כעס איז געשטילט געווארען. ר' יוסיל האט אבגעגעסען אנגבייסען און האט זיך געלייגט שלאפען, נו לאז מיר לאזען ר' יוסלען א ביסעל שלאפען. און מיר ווילען זיך געהן זעהן מיט בינטשען...

בינטשע געהט צו איהר קאמפאניע מיט גרוים שמחה און דערצעהלט אז זי האט שוין צוויי עדות. מען זאל גיך געהן אויפ'ן בית הקברות קברים רייסען. און פעלד מעסטען. און אנצינדען ליכט אין די שוהל'ען, און געהן מיט דעם רעכטען פוס צו דער כפראוויע. טאקי אזוי ווי באשע ארעם האט געהייסען.

בינטשע מיט די גאנצע קאמפאניע האפען שוין אז עס זאל ווערען נאכט. און זייגער צוועלף ביי נאכט ווערט מען געהן אויף דעם בית הקברות.

ליעבע לעזער איך מוז אייך בעקאנט מאכען פאר וואס זיי מוזען זיין אויפ'ן בית הקברות נאר זייגער צוועלף ביי נאכט.

וויל ווי צדיקים וואס בינטשע דארף געהן צו זיי. האבען זיך צוזאמגעסט בעשעפטיגט נאר נאך האלבע נאכט.

איינער האט ביי נאכט אויפגעקויפט עופות, איינער האט געקויפט בהמות. וואס נאט האט בעשערט. אזוי ווי זיי זענען פאר'ן לעבען אויף געוועזען ביי נאכט זייגער צוועלף זענען זיי געוויס היינט אויך אויף וועלען זיי געוויס דערהערען בינטשעס געבעט און זיי וועלען לויפען און בעטען פאר בינטשעס יועגען.

ווי עס איז געקומען זייגער צוועלף ביי נאכט איז בינטשע געגאנגען מיט איהר קאמפאניע גלייך אויפ'ן בית הקברות און זי האט געזאגט א פאר ברעטלעך פון מענה לשון. אזוי ווי איהר שטייגער איז.

בינטשע איז געגאנגען פריהער און די קאמפאניע נאך איהר, און זי איז געגאנגען גלייך אויף דעם קבר פון ר' מרדכי בנימין ער איז געווען א גרויסער צדיק זכותו יגון ואנתה,

פאַר'ן לעבען האָט איך קיינער מיט איהם נישט געוואָלט דערטשעפּין דאַרף מען אַצונד איך מיט איהם נישט צו דערטשעפּין.

בינטשע האָט זיך געטהון אַ צולייג אויפ'ן קבר. און זי האָט דריי מאָל געקושט אין קבר אַריין. און זי האָט געזאָגט פון מענה לשון דאָס וואָס מען זאָגט אויף קברי צדיקים. דערנאָך האָט זי געזאָגט בזה הלשון.

איך בינטשע בת יאָחפעט בין געקומען מיט אַ צובראָכען האַרץ און מיט אַ שווער געמיט און איך בעט פון אייך ר׳ מרדכי בנימין אַז איהר זאָלט לויפען און בעטען פאַר מיינעט וועגען. און איהר זאָלט מיטנעמען מיט זיך נאָך אַ פאָר צדיקים. און איהר זאָלט אַלע מכבים זיין אַז איך בינטשע בת יאָחפעט זאָל אַרויסקומען ריין פון די ספּראָוועס.

זי האָט זיך געגנייגט דריי מאָל צום קבר און זי האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט ר׳ מרדכי בנימין.

און זי האָט געטהון אַ שטרעק אום דעם רעכטען פוס און זי איז געגאַנגען גלייך אויף דעם קבר פון הצדיק ר׳ זושא זאַמב, ער איז געווען אַ שטאַרקער אומן יד, ער איז נפטר געוואָרען בנטילת ידים.

זי האָט אויף דעם קבר אויך פערברענגט גרויסע תפלות און זי איז געגאַנגען נאָך אויף עטליכע קברים.

די אַלע דריי היימישע מענטשען וואָס פאַר'ן לעבען האָבען זיי זיך שטאַרק ליעב געהאַט. אפילו אַז זיי פלעגען געהן מאַכען געשעפטען איז אויך איינער אָן אַנדערען נישט געגאַנגען.

עס האָט נאָך וואָס אָנגעהויבען בלאָזען אויף טאָג. האָט בינטשע געזאָגט צו דער קאָמפּאַניע מען דאַרף שוין געהן אַהיים אַביסעל זיך לייגען שלאָפען וואָרום ווייגער צייט אין דער פריה דאַרף שוין זיין די אַפּעלאַציע דאָרף מען זיך מסדר זיין ווי אַזוי צו טענה'ן פאַר'ן סענדזע.

לאָמיר בינטשען לאָזען ליגען און מיר וועלען זיך נעמען צום דאָזאָר.

ויהי היום איז פּונקט אין דעם טאָג וואָס די אַפּילאַציע האָט געדאַרפט זיין איז געווען אַ יאָהר יריד אין סטאָק. איז דער דאָזאָר געפאָהרען אויפ'ן יריד קויפען אַ קוה דער דאָזאָר איז אַרויסגעגאַנגען אויף דעם פערדס מאַרק און ער האָט געקויפט אַ דאַרע קוה מיט אַ גראָבען ווידעל. ער האָט בעצאָהלט פאַר די קוה 77 גילדען. דער דאָזאָר געהט מיט דעם פויער אין קרעטשמע אַריין. און ער מאַכט אַ שטאַרקע פאָנרע. דער פויער נעהמט זיך אַוועק זיין וועג און דער דאָזאָר געהט אַרויס פון די קרעטשמע און נעהמט אָן די קוה ביי דעם האָרען. ווי ער פיהרט זי אַזוי נעהמט פערביי אַ פויער און דער־

קענט די קוה. און ער פרעגט אזוי דעם דאָזאָר וואו האָסטו גענומען די קוה. דער דאָזאָר בלײַבט שטעהן ווערר דערשראָקען און ווײַסט איהם גאָר נישט וואָס צו ענטפערען.

דער פויער רופט צו דעם כאַלטעס מיט'ן פאָליציאַנט. און שלעפט דעם דאָזאָר מיט די קוה אין קאַנצעלאַריע ארײַן. דער פויער דערצעהלט דעם וויט אז די נאַכט האָט מען בײַ איהם די קוה פון שטאַל ארויסגענומען. איז ער געלאָפען אויפ'ן יריד און ער האָט זי דערקענט בײַ דעם יוד. דער וויט נעמט גלײַך דעם דאָזאָר און וועצט איהם אײַן. און די קוה גיעט ער צוריק דעם פויער. לאָז מיר לאָזען דעם דאָזאָר זיצען און מיר וועלען געהן צו די צווײַ עדות.

ר׳ לײַזער מאַנעלעס. ר׳ יוסעלע ראַזינע.

ר׳ לײַזער מאַנעלעס האָט נאָר וואָס אָבגעדאַווענט איז ער גלײַך געגאַנגען אין שענק ארײַן טהון אַ טרונק בראָנפען ווי ער קוקט אַזוי אין שענק ארײַן טרעפט ער ר׳ יוסעלע ראַזינער און האַלט אין דער האַנד אַ שפּאָרע כוסה. דער לײַזער ווינדערט זיך זעהר אויף ר׳ יוסלען און פרעגט איהם יוסעלע וואָס איז די מעשה מיט דיר וואָס טרינקסטו עפּים הײַנט מיט אַזאַ גרויס גלעזיל. די ווייסט זיך שוין בעלד אויב גלײַכען מיט מיר. עס מוז עפּים זײַן נײַעס וואָרום דער ר׳ יוסעלע איז אַ קלײַנער טרינקער.

הגם עס איז דעם שענקער אויך געוועזען אַ חידוש. נאָר דער שענקער מוז דאָך שטיל שווײַגען.

דער ר׳ יוסעלע טהוט ר׳ לײַזערען ארוף צוריק אין אַ זײַט. און זאָגט איהם לײַזער שווײַג שטיל דו זאָלסט וויסען גאָר פּשוט אז איך בין הײַנט אײַן עדות.

ווי דער ר׳ לײַזער דערהערט דאָס. טהוט ער אַ גרויסען לאַך און זאָגט גם אני בחלומי. איך בין אויך הײַנט אײַן עדות.

ליעבע לעזער אידר קענט אײַך גאָר נישט פאָרשטעלען די שמחה פון די צווײַ לײַט. הכלל מען מאַכט נישט קײַן לאַנגע מעטות. ר׳ לײַזער הײַסט אָנגיסען צווײַ ביר גלעזער מיט אָקעוויט. און ר׳ יוסעלע האָט אויך געהײַסען אָנגיסען די אײַנענע פּאָרציע. ווי מען האָט די צווײַ ביסלעך בראָנפען אויסגעטרינקען האָבען זיך די בײַדע לײַט צורעדט. זײַ האָבען גערעדט שרעקליכע דבורים.

רופט זיך אָן ר׳ לײַזער צו ר׳ יוסעלען. יוסעלע ווײַסט וואָס איך וועל דיר זאָגען מײַן דעה וואָלט געוועזען אז די זאָלסט געהן שלאָ:קן.

זאָגט אויף ר׳ יוסעלע צו ר׳ לײַזערן מײַן דעה וואָלט געווען

אז דו זאָלסט געהן שלאָפֿען.

ווי דער שענקער הערט אזוי אויס די טענות האָט ער מאַקי נאָר פשוט מורא אז די צוויי לייט זאָלען זיך דערוויַיל נישט שלאָגען. זאָגט אַזוי דער שענקער. און טהוט אַ שמייכעל. דאָס גלייכסטע וואָלט געווען אז איהר זאָלט ביידע געהן שלאָפֿען.

די צוויי לייט זענען זיך מיישב און עס איז זיי געפֿעלען דעם שענקערס עצה. און האָבען ביידע מסכים געווען אז מען דאַרף אַזוי מהון.

נו די צוויי עדות געהען שוין צו מאָל שלאָפֿען. און די אָפּילאַציע דאַרף שוין באַלד זיין.

בינטשע געהט אַרויס אויפ'ן גאַס זעהן זיך מיט די עדות. זי דרעהט זיך נעבעך אַרום אויפ'ן גאַנצען שטעדטיל און זי זעהט נישט די עדות זי ווייסט נאָר נישט וואָס צו קלערען. האָט זי זיך מיישב געווען זי וועט דערוויַיל געהן אין סאָנד אַריין מן הסתם וועלען שוין די עדות אָנקומען.

בינטשע קומט אין סאָנד אַריין, זי זעהט נישט דעם דאָזאָר. זי זעהט נישט די עדות. זי ווייסט גאָר נישט וואָס איבערצוקלערען. דער סענדזע רופֿט אויף דעם דאָזאָר מיט די עדות צו דער ספּראַווע. עס רופֿט זיך קיינער נישט אָן. ווי דער סענדזע טהוט אַרוף אויס בינטשע צוצאָקאָווסקע טהוט בינטשע אַ געהע צו וועהר דערשראָקען און זאָגט כזה הלשון.

פּראָשע פּאַני סענדזע. יאַ טאָ יעסט אָן נימאַ. עדות ניע נימאַ. יאַק אָן נימאַ טאָ יאַ ני מאַ. פּראָשע פּאַני לאַסקאַווע ספּראַווע מיש נימאַ.

דער סענדזע האָט וועהר געלאַכט. נאָר אויסהערען מוז ער דאָך. די ספּראַווע איז אָבגעפאַלען, און בינטשע געהט אַוועק.

ווי בינטשע קומט אַרויס אויפ'ן גאַס האָט זי דערהערט עפּיס אַ ניַיעדעריַי אין שטעדטיל אז מען האָט דעם דאָזאָר אין סטאָק אויף דעם יריד איינגעזעצט.

ווי בינטשע דערהערט די בשורה חאַפּט זי ניך דאָס פּאַרטיק אין דער האַנד און טהוט זיך אַרייַב די הענד אין דער ערד

און זאָגט געלויבט ביסטו גאָט וואָס איך האָב דערלעבט. און זי לויפֿט גיך צו איהר קאָמפּאַניע. אַלע האָבען געזאָגט אז מען זעהט אַרויס בעשיַינפּערלעך אז בינטשעס תפילות. און די תפילות פֿון די צדיקים וואָס שטעהען איבען געשריבען. האָבען דערגרייכט אַ זכות

אז בינטשע זאל געהאָלפען ווערען. און זאל ניצול ווערען פון די תפיסה. און האָט נאָך דערלעבט אין שונא א נקמה.

אלע מיט א גרויסע שמחה מזל טוב בינטשע.

די בינטשע איז גישט פויל זי נעמט זיך צו דער קעשענע און די חאפט ארויס א דרייער און שיקט א שליח אין גאס ארײַן ער זאל ברענגען פאר דרייַ גראָשען געזאָטענעם ארבעס.

עס האָט גאר נישט לאנג געדויערט. דער שליח איז שוין דא מיט'ן ארבעס.

בינטשע האָט זיך אליין ממריח געווען. און אויסגעטײַלט דעם ארבעס.

און האָט געזאָגט ליבע קאָמפּאניע דאָס זאל אייך וואהל בעקומען הײַנט דארפען מיר זיך משמח זײַן א גאנצע טאָג.

דער הײַנטיגער טאָג איז בײַ מיר אזוי ווי יום טוב.

בינטשע מײַנט טאַקי אז זי איז שוין איבערגעקומען דעם טאנץ · א גאנצען טאָג איז בינטשע ארומגעגאנגען מיט איהר קאָמפּאניע לוסטיג אויפ'ן העכסטען גראַד.

דאָנערשטיג פאַר נאכט מען דארף שוין געהן צו מנחה געהט בינטשע אויך אין שוהל ארײַן.

ווי בינטשע קומט אויפ'ן שול הויף הערט זי עפּיס א גערויש א געפילדער א גערידערײַ.

פרעגט זי וואָס ז"י דאָ אזא געפּילדער.

געהט צו איהר ר' שמעלקע קובעל. און ר' לייב טאָמער און זאָגען איהר סמײַטש בינטשע איהר ווײַסט גאר נישט מען האָט הײַנט דעם דאָזאר ארויסגעלאָזט פון דער סטאָקער תפיסה.

די בינטשע בלײַבט שטײַן טויט ווי אלע טויטע. זי ווײַסט שוין גאר נישט וואָס צי ענטפערן. ביז זי איז א ביסעל צו זיך געקומען. זאָגט זי אזוי שמעלקע לעבען וואָס רעדט איהר.

רופען זײַ זיך אָן אָט דאָס וואָס איהר הערט. גאָר פשוט מען האָט דעם דאָזאָר ארויסגעלאָזט פון דער סטאָקער תפיסה.

די בינטשע געהט נעבעך שוין מיט א פערביטערט הארץ אין שול ארײַן. זי האָט נעבעך דעם גאנצען קרבן מנחה סידור אָבגע־גאָסען מיט הייסע טרעהרען.

בינטשע געהט ארויס פון דער שול גלײַך צו דער קאָמפּאניע און דערצעהלט זײַ אזוי דאָס אומגליק די קאָמפּאניע.

די קאָמפּאניע זענען אויך שטארק צוּרודערט געוואָרען. נאָך

בעסער קען מען נישט מאכען מען מוז זיך פערלאָזען אויף גאָט.

ווי דער ראָזאָר האָט זיך א ביסעל אָבגערוהט פון דער הפיסח דערמאַנט ער זיך אז איינס האָט ער געדאַרפט שטעהן מיט בינטשע צו דער אפּילאַציע.

דער ראָזאָר לויפט גיך צו דעם סענדושע זעהר פעריאַחמעט. דער סענדושע הייסט איהם מוחל זיין און זאָגט איהם אז די ספראַוי'ע איז צו נישט געוואָרען. הגם דעם ראָזער האָט א ביסעל פערדראָסען אויפ'ן סענדושע. נאָר מען מוז דאָך שטיל שווייגען.

דער ראָזאָר טראַכט אַזוי ביי זיך נו ט פון דעסטוועגען וועל איך עס איהר נישט שווייגען.

פרייטאָג ביי טאָג האָט דער ראָזאָר געשיקט דעם בית דין שמש צו בינטשע'ן אז זי זאָל קומען צום דין תורה. דער שמש איז געקומען צו בינטשען און האָט איהר גערופען צו דער דין תורה.

בינטשע האָט אפילו נישט געהאַט קיין צייט דען זי האָט נאָך נישט געהאַט דעם אייל אויסגעשפּריצט א קוגעל צו מאַכען פון דעסטוועגען האָט זי אלע ארבייט אַוועקגעלעגט און האָט זיך שכין געוועזען און איז געגאַנגען גלייך צום רב. די ביידע בעל דינים שטעלען זיך אנידער פאַר דעם בית דין.

דער ראָזאָר הייבט אָן צו זאָגען פאר וואָס האָט די מרשעת גע־שלאָגען מיין יונגעל, פאר וואָס האָט זי איהם א קניפּ געטהון אין דער האַנד אריין. הייליגער רבי איהר קענט דאָך אויך מיין יונגעל. ער טשעפּעט נישט א פליג אויף די וואנד. נו וואָס פאר א הוצפה א העזה האָט זי געהאַט מיין יונגעל צו שלאָגען.

ערשט געהט צו בינטשע און הייבט אָן טענה'ן:

הייליגער רבי איהר ווייסט גוט אז א מנהג ברעכט א דין. און דאָ אין שטעדטיל איז א מנהג אז א נקבה געהט פון טבילה דאַרף זי זיך אָנריהרען אָן א יונגעל.

מיין האָב איך איהם נישט געטהון נאָר וואָס אָנגערירט ביי דעם הענטיל. ווער זאָל עס וויסען אז עס וועט אַרויסקומען אזא קאָך.

גלייבט מיר הייליגער רבי. איך קען שווערען ביי אלעם הייליגי־קייט ווען איך זאָל וויסען אז עס וועט ארויסקומען אזא קאָך וואָלט איך גאָר קיין טבילה נישט געגאַנגען. גאָר מן השמים איז מיר עפּיס בעשערט אָבצוקומען פאר מיינע חטאים.

דער רב האָט זיך געהייסען צאָהלען פסק געלד. דער ראָזאָר האָט גראָד ביי זיך נישט געהאַט קיין געלד. האָט ער דערווייל גע־

ליגען בּײַ דעם בּית דין שמש. און דער דאָזאָר האָט אַנידערגעלעגט
אויפ׳ן טיש זיבּעצין גראָשען.
און בּינטשע האָט געלעגט אַ קעגען זיבּעצין גראָשען.
און דער רב האָט געהײַסען די צוויי בּעלי דינים בּינטשע מיט
דעם דאָזאָר אָבּטרעטען.
ווי דער דאָזאָר מיט בּינטשען געהן אַרויס פון רבס שטוב האָבּען
זײַ זיך אין דרויסען אָנגעהויבּען איבּער צו ווערטלען.
בּינטשע האָט געבּרענגט דעם דאָזאָר גיט אין בּעס אַרײַן האָט
דער דאָזאָר געוואָלט צולויפען צו בּינטשען און טאַקי גאָר פשוט גע־
וואָלט שלאָגען.
האָט בּינטשע אָנגעהויבּען שרײַען געוואַלד עס איז געוואָרען
אין דרויסען אַ גרויס געוואַלד, גאַנץ בּית דין איז אַרויסגעלאָפען אין
דרויסען. און מען האָט די צוויי ליַיט געחאַפט אין שטוב אַרײַן.
דער רב איז זײַער בּייז געוואָרען. ער האָט געזאָגט צווישען
אַזוינע לײַט וויל איך מיך גאָר נישט אַרײַנמישען.
ובפרט עס איז שוין בּאַלד צײַט צו געהן מקבל שבת זײַן.
איז גלײַכער איה״ה זונטאָג אין דער פריה זאָל דער דאָזאָר זיך נעהמען
דרײַ בּוררים. און בּינטשע זאָל זיך אויך נעהמען דרײַ בּוררים. און
אַזוי ווי די בּוררים וועלען אויסגלײַכען אַזוי מוז בּלײַבּען.
זײַ זענען בּיידע בּעשטאַנען אויף דעם און זײַ האָבּען געזאָגט
דעם רב אַ גוטען שבת און זײַ זענען בּשלום אהײַמגעגאַנגען.
אַ גאַנצען שבת האָט דער דאָזאָר געקלערט וועמען ער
נעמען פאַר בּוררים.
און בּינטשע האָט אויך נישט געוואוסט וועמען איבּער צו [illegible]
דאָס געשעפט.
הכלל דער דאָזאָר האָט זיך אויסגעקליבּען די דרײַ בּוררים.
ר׳ צדוק לאָקש.
קאָרסקע כּלמד.
דער געשטיפעלטער סטאָלאַרש.
און ער האָט טאַקי אוועקגענומען די האַנד פון הארץ און ער
האָט זיך אָנגעטרויט אײַנגאַנצען צו זײַ.
און בּינטשע האָט זיך אויסגעקליבּען דרײַ פּאַרשוין פון די
אײַגענע מענטשען.
ר׳ לײַבּיל טראַסק.
ר׳ דוד תּלאָסט,

ר' יודעל גראַטש.

אַזוֹי ווי די דריי פילאָזאָפּען וועלען מאַכען אַזוֹי וועט בּינטש
אודאי בּעשטעהן.

זונטאַג אין דער פריה איז געקומען בּינטשע מיט איהרע בּוררים
און זענען געגאַנגען צו דעם דאָזער.

דער דאָזאָר האָט געשיקט נאָך זיינע בּוררים. די בּוררים זענ
בּאַלד געקומען און די חברה האָבען זיך געזעצט צו דעם טיש או
מען האָט געקלערט וואָס פאַר אַ פסק מען זאָל בּינטשען ארויסגעבען
הכלל מען איז אָבגעזעסען פיער שעה אויף דעם זייגער. און ז
האָבען זיך נישט געקענט איינגלייכען.

ווי די חברה זיצען אַזוי און קלערען, טהוט זיך אַרוּף אָן ר' קראַסק
מלמד, איינער פון די בּוררים מיין עצה וואָלט געווען אַז מען זאָ
נעמען אַ יאַרמעלקע און מען זאָל אַריינלעגען זעקס קוויטלעך פינ
קוויטלעך לעדיגע. און אויפ'ן זעקסטען קוויטעל זאָל שטיין אָנגעשרי
בּען זכה בּגורל און ווער עס וועט ארויסנעהמען דעם זכה בּגורל
דעם זאָל מען פערבּינדען די אויגען מיט אַ רויטע פאַטשיילע, או
די פינף בּוררים זאָלען זיין אין שטוב און וועמען דער פערבינדער ווע
חאַפּען אויף דעם בּורר וועלען זיך מוזען אַלע פינף בּוררים פערלאָזען.

די חברה האָבען זיך אַ בּיסעל מיישב געווען. און האָבען זיך
אַלע מיט אַ מאָל געטהון אַרוּף אָן.

ר' קראָסקע מלמד איז גערעכט, ערשטענס איז ער אַ יוד אַ בּן
תּוֹרה איז ער ווערט אַז מען זאָל זיך פערלאָזען אויף איהם.

צווייטענס וועלען זיך נאָך פיעל מענטשען קענען דערפון אַ
מוסר ארויסנעמען.

ווארום דאָס גאַנצע געשעפט וואַקסט אַרוּס פון אַ יונגעל. און
די חדר יונגלעך שפּילען אין פערבּלענדעניש איז טאַקי גאַנץ גלייך אַז
מען זאָל אַצוּנד אויך איינעם פערבּינדען די אויגען וועט מען זעהן
ווי דער אויבּערשטער בּעצאָהלט מדה כּנגד מדה.

קאָרסקע מלמד טהוּט אויס די יאַרמעלקע און ער לעגט אַריין
פינף קוויטלעך לעדיגע. און אויפ'ן זעקסטען קוויטעל שטעהט אָנגע-
שריבּען זכה בּגורל. און ר' קאָרסקע מלמד טהוּט אַ געשריי אויף
די גראָבּע שטימע רבותים יעדערער זאָל זיך פערשאַרצען דעם אַרבּעל
פון די רעכטע האַנד און אַזוֹי זאָל מען ציהען די קוויטלעך.

אין אַ גוטע שעה דער געשטיפּילטער סטאָלאַרש טהוּט אַליינ
אַריין די יד און נעמט אַרוּס דאָס קוויטעל זכה בּגורל.

ר' קאָרסקע מלמד איז זיך אַליין מטריח און וואַרפט אַרויס
דעם טיש מיט די בענק און ער נעמט אַרויס פון זײַן אייגענע קעשע־
נע די רויטע פעטשײַלע און ער נעמט דעם געשטיפּעלטין סטאָלאַרש
און בינט איהם גוט צו די אויגען און מאַכט פון אינטען צווײַ
שטאַרקע קניפּען. און ער טהוט דעם סטאָלאַרש אַ שטעל אַנידער
אין מיט'ן שטוב אין קאָרסקע טראָגט זיך אָב.

דער סטאָלאַרש נעבעך שטעהט אַזוי ווי אַנגעמאַכט ערגער ווי
אויף דעם עולם התוהו.

ער שטעהט אין ערך פון האַלבע שעה דערנאָך איז ער זיך
מיישב און הויבט אָן אַרום צו געהן איבער'ן שטוב און ער האָט גע־
טהון ר' צדוק לאָקש אַ חאַפּ אָן בײַ דעם אַרבעל און ער האָט איהם
שוין נישט אָבגעלאָזט, קאָרסקע מלמד איז צוגעלאָפען צו דעם גע־
שטיפּעלטען סטאָלאַרש און ער האָט איהם אויפגעקניפּט די רויטע
פּאַטשײַלע. און ער האָט אַרײַנגענומען דעם טיש מיט די בענק,

און ר' צדוק לאָקש האָט מען געזעצט אויבען אָן, און די
גאַנצע קאָמפּאַניע וואָס זענען דאָרט געוועען. האָבען געזאָגט דרײַ מאָל
מזל טוב ר' צדוק לאָקש.

ר' צדוק לאָקש איז טאַקי געזעסען כמלך בגדוד.

דער עולם האָט זיך אַ ביסעל אָבגערוהט און ר' צדוק לאָקש
האָט אָנגעהויבען קלערען דעם פסק. דאָס האָט אַזוי געדויערט אין איין
ערך פון צווײַ שעה.

אין דעם טהוט זיך ר' צדוק לאָקש אַ שטעל אויף מיט כעס
בזה הלשון איך צדוק זאָג אַז בינטשע איז דער גאַנצער בעל חייב,
ווען נישט בינטשע וואָלט דעם דאָזאָרם יונגעל נישט געקריגען אַ קניפּ
אין די האַנד אַרײַן.

איבער דעם זאָג איך ר' צדוק לאָקש. אַז בינטשע זאָל זיך
באַלד אויסטהון די שיך און זי זאָל געהן איבער'ן גאַנצען שטעדטיל
אין די זאָקען און זאָל זאָגען רבותים אמנם חטאתי איך האָב טאַקי
געזינדיגט און איך האָב נאָר אומזיסט דעם דאָזערם יונגעל אַ קניפּ
געגעבען.

איבער דעם רבותים בין איך געקומען פריהער צו גאָט און
דערנאָך צו אײַך. און איך בעט אײַך איהר זאָלט מיר מוחל זײַן.

בינטשע האָט זיך נישט געפוילט. און זי האָט טאַקי גאָר פשוט
באַלד אויסגעטהון די שיך און איז געגאַנגען גלײַך אין שול אַרײַן און
זי האָט אַזוי געטהון אַלץ ווי ר' צדוק לאָקש האָט גוזר געוועזן.